ז. סעגאלאוויטש

# רעגינע

## פּאעמע

ווארשע
1920

---

# REGINA

## POEMAT

Z. Segałowicz.

## א.

עס גיסט זיך ליכט ביי אונז אין גאָרטען,
עס רוישט אין אונזער פענסיאָנאַט;
מען שפילט אין גרינס, מען שפילט אין קאָרטען
מען עסט, מען טרינקט, מען שלאָפט צו זאַט.
מען וועגט דעם גוף, מען ציילט די פונטען,
מען דרימעלט רוהיג אין האַמאַק,
מען פיהלט די ערד די פעסטע אונטען,
מען גענעצט ברייטלאַך מיט געשמאַק.
איך פיר זיך אוי'כעט בעל-הבתיש,
איך לעב זיך אויך מיט זייער פלאַן,
און אין באָנטאָן בין איך פאַנאַטיש,
ווי דער גרעסטער אַרעלמאַן.
איך קוש די הענט ביי שווערע פאַנים
און היט דעם טאַקט ווי אַ סאָלדאַט,
איך קאָקעטיר מיט אַלע אַניעס,
מיט די פאַניעס, מיט די פּראַניעס
פון דעם ליבען פענסיאָנאַט.





## ט.

איך לעב זיך פֿריילאַך און געלאַסען,
עס וויים קיין ספֿק מיין געראַנק.
נאָר האַרץ! דיר ווילט זיך ביטער שפּאַסען
און חוזק׳ן פֿון מיין פֿאַרלאַנג.
די דומהייט ברייננט אַזוי פֿיל ליבע,
נאָר עפּעס פֿעלט מיר דאָך דערביי,
און וויפֿיל טרויער איך אהן סבה,
און וויפֿיל פּייניגט מיך דער מאי.
ראך טראַכטען לאזט מען דאָ נישט קיינעם,
פֿאַרלעש געשווינד דעם ספֿק־שטראַל
און אייל צוריק צו דיינע שכנים,
צום קארטען־טיש, צום „ניינטען וואל“.
איך שפּיל, איך שפּיל מיט פֿיל בטחון,
איך שפּיל מיט גליק און איך געווין,
נאָר איך פֿאַרשפּיל די שיינע וואָכען,
די צייט פֿון בעז און פֿון ושאַסמין.



❀

## ג.

דערווייל פֿארגייט א האלבער זומער —
איך שפּאַס מיט אלעמען און שטיף,
נאר פאר מיין הארץ בין איך א שטומער,
עס וואקסט מיין שטראָף אין האַרצען טיף.
איך לויף פֿון זיך, איך בין זיך שולדיג
א גרויסען חוב און צאל נישט אפּ.
עס שווייגט מיין הארץ, עס שווייגט געדולדיג
און שכור בלייבט מיין יונגער קאָפּ.
איך פֿלעג מיין האַרצ׳ס פּראָטעסטען לעזען
אין שפּיגעל, אין מיין שטומען בליק,
ווייל בילינג איז דער ווין געוועזען
און נישטיג-וואָכעדיג מיין גליק.
און איינמאָל בייז און איבערזעטיגט
האָבּ איך געזוכט אַ ציל, אַ ראַט...
דער מיטאָג האָט זיך שטאַרק פֿאַרשפּעטיגט
אין אונזער פֿיינעם פּענסיאָנאַט.



## ד.

מען וואַרט אַ נייעם גאַסט... און ליידער
בלייבט אויסען אונזער פּרעפּעראַנס.
דער עולם בייזערט זיך כּסדר.
נאָר, שאַ! אָט פּאָרט דער דיליזשאַנס.
מיר לויפען נייגעריג אַנטקעגען,
מיר קומען נייגעריג צוריק.
ווער איז זי, ווער? מיר ווילען פרעגען:
אַ שטאָלצער טריט, אַ קאַלטער בליק.
געקומען איז אַ פרוי אַ שלאַנקע,
אַ יונגע פרוי... מיט איינער מער.
נאָר נאַרט נישט, נאַרט מיך נישט, געדאַנקען!
די ברייננט מיר פיין און פרייד... איך שווער!
דאָס גלעקעל קלינגט און רופט צום עסען,
דער עולם לויפט צום טיש און לאַכט;
איך בין דאַן אומרוהיג געזעסען,
און אַנדערע׳ש אַלעמען באַטראַכט.

## ח.

און יענע נאַכט האָט זיך געצויגען
פֿאַר מיר אָהן שלאָף... אין קאָרטען-שפּיל.
עס לויפֿען אָן די טונקלע אויגען
און איך פֿאַרקלער זיך... און פֿאַרשפּיל
און דאַמע רייץ און מלך אויבעל,
און ניינטעל פּיק און בובנע טויז.
איך האָב געשפּילט און האָב געשמייכעלט
און ניך דערזעהן: די נאַכט גייט אויס.
איך כאַפּ דעם אָטעם פֿון פֿריהמאָרגען,
דערפֿיהלענדיג דעם פֿרישען טוי.
די זון האָט נאָנט זיך דאָ פֿאַרבאָרגען,
דער קאָפּ פֿון וואַלד ווערט ראָז און בלוי.
דער קאָפּ פֿון וואַלד ווערט רויט אינגאַנצען,
די גאַנצע וועלט איז פּורפּור-רויט.
און פֿייגלאַך קושען זיך און טאַנצען,
אַ נייער טאָג, אַ נייע פֿרייד.





## ו.

און מיר איז אויך געוואָרען ליבער
דאָס פעלד, דער וועג איז מיר באקאַנט.
עס זיינען טעג און נעכט אַריבער—
איך האָב געדריקט איר שטאָלצע האַנט.
אַ קליינע האַנט מיט שאַרפע נעגעל,
זי האָט זיי לאַנג, וויזט אויס, געטאָקט.
איר ווייסער שאַל האָט ווי אַ זעגעל
געריסען זיך פון ווינט, געיאָגט.
דער שאַל איז פריי אַרומגעפלויגען,
האָט אָפּגעדעקט איר ברוינעם קאָפּ,
האָט צוגעדעקט די טונקלע אויגען,
און פליט און שוועבט און פאַלט אַראָפּ,
באַלד פאַלט ער גאָר אַראָפּ אויף ביידען
און שלייערט אונז פאַר׳כישופ׳ט איין.
עס לאַכט זיך דאַן ביים ערשטען ריידען
און לעצטען שטראַל פון אָווענט-שיין.

❀

## .ז

זי האָט מיט בלומען זיך באַהאַנגען
און מיך געשפּרייזט מיט מיר אַהיים;
די זון איז אומעטיג פאַרגאַנגען
און שטום געקושט דעם וואַטסטען בוים.
זי האָט גערעדט, געשפּאַסט אַפילו
און נאָכגעקוקט דערביי די זון...
אַך, ביידע מורמלען מיר איין תּפילה
און ביידע שווייגען מיר דערפון.
דערנאָך באַגעגענט מען אונז היימליך
צום אָווענט-ברויט אין פענסיאָנאַט...
מען קוקט אויף אונז, מען ווינקט געהיימליך
ביז מיך פאַרצאָרענט דער פּאַראַד.
און זי איז קאַלט און שטילץ אין שווייגען,
אָהן וואָרט פאַריאָגט זי יענעמ׳ס שפּאַס,
זי האָט געקאָנט אַריבערשטייגען
דעם הייסען פלאַם פון קורצען כעס.



## ה.

זי פֿלעגט זיך גלייכגילטיג באַווייזען
צו אונזער טומעלדיגען טיש.
זי פֿלעגט אין גאָרטען רוהיג שפּרייזען
און קאַלט געבליבען, ווי אַ פיש.
יאָ, קאַלט צו אַלעמען אין גאָרטען,
צו אַלע פֿרייד פון פּענסיאָנאַט.
צום פֿלירט, צו פֿאַנדען, צו די קאָרטען...
מען האָט צו ריידען איצט געהאַט.
מען האָט געזוכט און באַלד געפונען
הסרונות פֿיל אין אונזער גאַסט,
מען האָט רכילות פֿיל געשפּונען,
געברומט אויף איר, געלאַכט, געשפּאַסט
און דרך-ארצ׳דיג געהאַסט.
אַ ווייסער שאַל פֿלעגט לייכט פֿאַרדעקען
איר קאָפּ, די ברוינע וואָלקענס האָר.
אַ בוך אין האַנט, אַ דאַמען-שטעקען,
זי גייט אין פֿעלד אַוועק און גאָר.

## ט

די קאַרשען-צייט... די שיינע וואָכען,
איך קריך אויף בוימער און דערגרייך;
איך האָב די צווייגעלאַך געבראָכען,
און קאַרשען פליהען פון דער הויך.
זי פלעגט זיי זוכען און געפינען,
זי פלעגט זיי כאַפּען אין די הענט,
די רויטע בלוטיגע רובינען;
זי האָט געלאַכט דערביי, געברענט.
נאָר דאַן ווען פרעמדע פלעגען קומען,
דאַן ווערט זי פלוצלונג אַנדערש באַלד;
זי פלעגט זיי אָנקוקען און שטימען
און זעלטען ווען גריסען קאַלט.
עס גיבען פויגלאַך פול מיט וואונדער
אין פעדער-פאַרב און אין געזאַנג,
נאָר זינגען ליבען זיי באַזונדער
און זי האָט אויך אַזאַ פאַרלאַנג.

❀

## י.

זי האָט געוואָלט מיט שטאָלץ פֿאַרצוימען
איר וועלט און וועזען שיצען דרייסט:
באַזונדער טרויערן און טרוימען,
באַזונדער שענערן דעם גייסט
עס דוכט, זי ווייס דעם סוד פֿון לעבען,
זי ווייס, אַז אַלץ איז שלעכט און פלאַך,
אַז מענשען קאָנען ווייניג געבען,
נאָר נעמען קאָנען זיי אַ סך.
מיר פלעגען ריידען, דיספּוטירען
און אָפטמאָל שווייגען זעהר לאַנג.
זי פלעגט איר חנ'שאַפט נישט פֿאַרלירען
פֿון קלוגען, רייפֿיגען געדאַנק.
זי האָט פֿאַר מיר פֿיל ווידערשפּרוכען
האַרמאָניש-שיין געמאַכט, באַצירט.
זי פלעגט אין ביכער פערל זוכען
און מיט די פערל קאָקעטירט.



## יא.

מיר פֿלעגען זיין בײַ אַלע סטאַװען,
בײַ אַלע טײַכֿען פֿון דעם קאַנט...
איך גלויב, אַז אדם מיט זיין חוה'ן
האָט אויך אַזוי געשפּרייזט ביינאַנד.
און אַלץ מיט נייגעריגע אויגען
באַטראַכֿט באַװאונדערט און באַגערט:
צו יעדען גרעזעל זיך געצויגען,
צו יעדען קלאַנג זיך צוגעהערט,
אין װאַלד אויף װעגען שמאָלע, ענגע,
אין פֿעלד, אין אָפֿען ברייטען טאָל.
זי פֿלעגט זיך פֿרייען אָפֿט די שטרייננע,
נאָר שוויגען פֿלעגט זי אויך פֿיל מאָל.
מיין קליינער ליכֿטיגער גן-עדן
גייט אויגעגבליק פֿון מיר אַװעק.
װען זי פֿלעגט אויפֿהערען צו ריידען,
פֿלעגט דאַן זיך אָנהויבען מיין שרעק.



יב.

איך קאָן זיך אַליין נישט איבערצייגען,
איך ווייס ביז היינט נאָך נישט גענוי —
וואָס איז געווען דאָס פֿאַר אַ שווייגען?
וואָס איז געווען דאָס פֿאַר אַ פֿרוי?
זי האָט דאָך ווייניג וואָס פֿאַרבאָרגען,
פֿלעגט פֿיל פֿאַרטרויען פֿאַר מיר דאַן.
איך האָב געוואוסט פֿון אירע זאָרגען,
געוואוסט איר פּליכט צו היים און מאַן.
נאָר נישט דערפֿאַר פֿלעגט זי פֿאַרשליסען
די דינע ליפּען, נישט דערפֿאַר;
זי פֿלעגט אַליין אפֿשר נישט וויסען
דעם סוד פֿון שווייגעניש און צער.
געבענטשט זאָל זיין דער טיפֿער הימעל,
וואָס פֿלעגט מיר לינדערן מיין ריִיר,
געבענטשט זאָל זיין דער ערשטער בלימעל,
וואָס רופֿט אַרויס צוריק איר פֿרייד.



## יג.

עס בליצט מיט בלױקייט אין זכרון,
װען איך דערמאָן זיך יענע טעג.
די בלױע אױגלאַך פֿון די קאָרען
באַגלייטען אונז דעם גאַנצען װעג.
אױף בערגלאַך הויך אין טיפֿע טאָלען,
מיר שפּרייזען װײַט, מיר זיינען פֿריי.
ס׳פֿלעגט יעדען טאָג זיך װידערהאָלען
און יעדען טאָג געבליבען ניי.
װאָס האָט זי נאָך מיר צו דערציילען?
מיט פֿאַרגעניגען הער איך אױס
די מעשה׳לאַך פֿון אַלטען פּױלען
און מעשיות פֿון איר טאַטעגס הויז.
און מיט אַ קינדערשער הנאה
דערציילט זי מיר, דערציילט מיט גליק
פֿון איר׳ס אַ באָבעשע אַ גרויע,
װאָס ליבט שטאַרק פּערל און מוזיק.



## יד.

די אַלטע איז אַ שטאָרצע פּאַני,
באַקרוינט מיט שײנע זילבער=האָר.
זי ווייס אַ סך פון דער „פּאָוסטאַניע"
און ליבט צו ריידען פון דעם דור.
און קומט דער טאָג פון גרויסען תענית,
דאַן פירט מען זי אונטערן האַנט
צום שול... און גאָט, ער האָט רחמנות,
זי בלייבט ביים מוט און ביים פֿאַרשטאַנד.
אין אירע טייערסטע מינוטען
האָט זי דער באָבען טריי דערמאָנט,
און כאַפּענדיג אַ בליק אַ גוטען,
האָב איך געטראַכט: זי ווערט מיר נאָנט.
עס שוועבען קליינע שמעטערלינגען,
ווען די עראינערונג ערוואַכט,
עס שוועבט דער וואַלד און פֿויגלאַך זינגען
און מיין נשמה זינגט און לאַכט.



## טו.

עס האָט די זון-פֿאַריאָגט דעם שאָטען
און אונז געברענט ביז אָוונט-צייט.
עס האָט דאָס פֿעלד זיך אָפּגעשאָטען
מיט מאַרגאַריטקעס נאָנט און ווייט.
אַך, מאַרגאַריטקעס בלימלאַך ווײַסע,
זיי ווינקען אונז אַהין, אַהער...
און פֿיל דו זאָלסט נישט קלייבען, רייסען —
אין פֿעלד פֿלעגט איבערבלייבען מער.
מיר פֿלעגען שווײַגענדיגע קומען
אַהיים צום טומעל.. שפּרייזען שטיל:
מיט נישט-צונויפֿגעלייגטע בלומען,
מיט ווערטער נישט-דערזאָגטע פֿיל.
מען פֿלעגט אונז נייגעריג באַטראַכטען
און אָפֿט מיט קנאָה, אָפֿט געלאַכט...
איך פֿלעג זיי ווייניג איצטער אַכטען,
נאָך ווייניגער פֿון זיי געטראַכט.



## טו.

זי פֿלעגט אַוועק צו זיך אין חדר
און צודערנאַכֿט זיך איבערטאָן,
און צודעקען פֿלעגט אירע קליידער
דער שאַל, איר שאַל פֿון איבען-אָן.
ער קילט אונז פרייליאַך ווי אַ פֿעבער
און ער באַגלייט אונז איבעראַל.
ער רייסט זיך וויטער, ווייטער, העכֿער
דער ווייסער וואָלקענדעל — דער שאַל.
אַ, וויפֿיל מאָל דער שאַל דער חלום
ער לויפֿט אַרום פֿון איר צו מיר:
ער פֿלעגט אונז ביידען מאַכֿען שלום
אין שוויגעדיגען פֿעלד-שפּאַציר.
רעגינע שוויגט! ווער ווייס די סיבה?
זי האָט פֿאַרקוקט זיך שטום אין ווייט
און איך... מיט ציטער און מיט ליבע
איך קוש דעם שאַל, דאָס שטיקעל זייד.



## יז.

אין רעגען-טעג, אין נעכט אָהן שטערען,
די וועלט איז טרויעריג און בלינד.
מיר פֿלעגען ביידע זיך צוהערען,
וואָס זאָגט אונז פֿאָר דער בייזער ווינט.
אין יענע אומעטיגע שעה'ען
איז יעדעס וואָרט אינטים, געטריי;
מיר פֿלעגען ביידע זיך פֿאַרטרויען
פֿון טעג, וואָס זיינען שוין פֿאַרביי.
זי האָט געריידט, גאַנץ אָפֿט באַזונדער
און אָפֿט אינגאַנצען מיט איר מאַן:
געזען איטאַליעס שענסטע וואונדער,
באַגריסט דעם הימעל פֿון מאָנבלאַן.
און איין געדאַנק איז איר פֿאַרבליבען
זי טראַכט און רעדט מיט מיר דערפֿון,
עס לוינט צו ליידען און צו ליבען,
ווייל אומעטום איז העל די זון.

❀

## יח.

מיר פֿלעגן מענש און ווע״ט באַריידען,
גאָר קיינמאָל, קיינמאָל נישט דערמאָנט,
אַז אונז ווערט שווערער זיך צו שיידען,
אַז אונזער ליידען איז שוין גאַנץ.
דאַן דוכט זיך מיר: זי ווייסט פֿון אַלעס.
פֿון אַל״ץ, וואָס טוט זיך אין מיין ברוסט;
איך האָב געהאַט אַזוי פֿיל פלות,
נאך אַזאַ שרעק נאָך נישט געוואוסט,
ז׳ האָט פון זיי מ״ך צוגענומען
און אונטערטעניגט מיט איין בליק.
כ׳האָב פֿריהער לייכט מיין גליק באַקומען
און לייכט געוואָרפֿען אים צוריק.
און איצטער, גאָט! צי מעג איך האָפֿען?
איך ציטער אָפטמאָל, ווי אַ קינד.
אַך, אפשר קומט זי מיר באַשטראָפֿען
פֿאַר קליינעם ציל און גרויסע זינד!



## יט.

זי פֿלעגט מיך פֿאָרשען און נאָכשפּירען!
מיין יעדעס וואָרט, מיין יעדען טריט.
איך פֿלעג מיט שמייכעל זיך פֿאַרלירען
און פֿאָרזיכטיג מיין שטאָלץ געהיט.
איך האָב געוואָלט מיין גליק פֿאַרדינען:
איר שטאָלצע פֿריינטשאַפֿט פֿאָדערט רעכט.
גאָר שטענדיג מאַטערט זיך מיין זינען,
צי טו איך גוט, צי טו איך שלעכט?
איך האָב זיך יעדען טאָג געביטען,
געלייטערט זיך, זי פֿלעגט עס זען.
און אויב איך האָב שוין שטאַרק געליטען,
איז מיר דאָס ליידען ליב געווען.
עס זיינען וואָלקענס לאַנג געהאַנגען,
ווי שווערע שטיינער אויף דער וועלט.
די זון איז ווידער אויפֿגעגאַנגען
און ווידער וואַלד און ווידער פֿעלד.

## כ.

די סאָסנעס פּרעגלען זיך די גרינע
אין פּעך, אין גאָלדענעם בורשטין.
זי שווייגט היינט ווייגער, רעגינע,
זי פֿירט מיך ווייט!... וואוהין! וואיהין!
זי האָט די אויגען מיך פֿאַרבונדען,
פֿאַרוויקעלט שטאַרק אין זיידנעם שאַל.
איך הער, זי שפּרייזט, זי איז פֿאַרשוואונדען,
מיט שטילע טריט אַוועק צום קוואַל.
דערנאָך זי קומט. די האָר צולאָזען,
דאָס קלייד אויף זיך פֿאַרקנעפּעלט לייכט,
אַ פֿולע האַנט מיט וואַסער־גראָזען,
זיי גלאַנצען נאָך, זיי זיינען פֿייכט.
זי גלאַנצט אינגאַנצען פֿריש און מונטער,
זי לאַכט פֿון מיר, פֿון איר קאַפּריז,
דער שאַל, דער שומר, פֿאַלט אַרונטער
און קניט צו אונז, צו ביידענס פֿיס.



# כא.

אַ העלער שטערען ברענט אין צפון,
אַ צווייטער ברענט אין מערב־זייט.
דער פענסיאָנאַט איז שוין געשלאָפען
און איך האָב ליב די שטילע צייט.
ווי ליידיג קוקט די גאַסט־ווערענדע,
דאָרט וואַלגערן זיך איינזאַם־שפעט,
ווי אין אַ קינדערשער לעגענדע
די גרויסע האַמערס פון קראָקעט.
און צוויי־דריי העלע נישטלאַך־קאָרטען,
זיי ליגען ברייטליך אויפ'ן גראָז
און טאַגצען שטיפעריש אין גאָרטען
פון יעדען קליינעם ווינטעל־בלאָז.
ביים פענסטער דריטעלט מיין נשמה,
זי גילטערט זיך פון טאָג איצט אוים.
די נאַכט — מיין רוהיגע נחמה —
זי קומט אַריין און גייט אַרוים.



# כב.

זי שפּרייזט אין הדר אין מײַן שטילען
מיט שאָטען־טריט... איך פֿיל דעם גלעט
פֿון סאַמעט־ווייכע נאַכט־מאטילען,
ווי קושען מיך און פֿליען, העט!
די נאַכט, זי וויל דאָ וואָס געפֿינען,
די שמעטערלינגען קוקען אויס...
מיר דוכט, זיי פֿליען צו רעגינע׳ן,
אין צווייטען פֿליגעל פֿון דעם הויז.
איך וואַרף אַ בליק צו יענעם פֿענסטער,
וואָס דעקט זיך איין אין סאַמעט־שוואַרץ.
און יעדער קלאַנג, דער שאָרך דער קלענסטער
וועקט אויף אַ ציטער אין מיין האַרץ.
אַ שוואַרצע קאַנווע ציט זיך אויבען
אין עמעץ וועבט מיט פֿעדעם גאָלד.
וועב, הימעל, אויס מיין טרוים, מיין גלויבען,
דעם בליק פֿון דער, וואָס איך האָב האָלט.



## כג.

עס שלאָפֿען שטום די פֿרעמדע שכנים,
עס שלאָפֿט דאָס פֿעלד, דער וואַלד פֿון סכך,
די וועלט געהערט ביינאַכט צו קיינעם,
נאָר בלויז צו די, וואָס בלייבען וואַך.
אין יענער שעה איז זי געקומען
צו מיר ווי יהודית שלאַנק און שיין,
דעם לייכטען שאַל אַראָפּגענומען,
נערייצט מיט שווייגענדיגען חן.
אַזוי פֿיל פֿלאַם אין אירע אויגען,
אַזוי פֿיל דרייסט אויף איר געזיכט...
די נאַכט האָט טונקעלער זיך פֿאַרצויגען,
די שטערען העל, ווי חופּה-ליכט.
איך ווייס נישט ווען: ביינאַכט, באַגינען,
איך ווייס נישט ווען זי איז אַוועק.
איך כאַפּ זיך אויף מיט פֿרייד אהן זינען —
די זון שפּאַצירט שוין אויף איר וועג.



## כד.

און שטראַלען ברענענדיגע פּאַלען:
אַ נס איז דאָ ביי מיר געשען.
איך פרעג פאַרוואונדערט ביי די שטראַלען,
צי איז רעגינע דאָ געוועזן?
איך לויף צום טיש, צום פרישטיק עסען,
דער עולם טומעלט שוין פון לאַנג.
רעגינע איז ניט ווייט געזעסען,
גערוט און גאָרטען אויף אַ באַנק.
איך האָב דערזען די שטאָלצע אויגען,
דערזען דעם פלאַטער פון איר שאַל,
און באַלד צוריק מיין פרייד געצויגען,
דאָס שענסטע וואָרט וואָלט זיין באַנאַל.
די נאַכט האָט אַנדערע געזעצען
האָב איך אין האַרצען זיך געטראַכט:
רעגינע וואָלט מיך מער נישט שעצען,
ווען איך דערמאָן ביי טאָג די נאַכט.



## כח.

אין מיט'ן פעלד בין איך געשטאַנען
און אויסגעקוקט דעם ווײַטען וועג,
איך האָב מיין גליק נאָך נישט פאַרשטאַנען
און שוין געפיהלט אַ נייעם שרעק.
איך האָב געהאַרט... געריסען בלומען
און אומגעדולדיג זיי צופליקט.
דערנאָך, ווען זי איז אָנגעקומען,
האָט אונז דאָס שווייגעניש באַזיגט.
נאָר איצט איז מיר דאָס שווייגען ט'ועט שווערער,
מיין בליק איז בייז, מיין האַרץ פאַרקלעמט:
אחיי גליקליכע, צוויי נאַכט-פאַרשווערער,
פאַרוואָס איז אונז די זון-צייט פרעמד?
צי זאָל דאָס זיין דיין שטראָף, נקמה?
הרטה? ליבע? זאָג פאַרטרוי!
פאַרוואָס באַהאַלטסטו דיין נשמה?
זי קוקט מיך אָן און לאַכט, די פרוי.



## כו.

ווי גיך, ווי פֿינק זי גייט אַריבער,
פֿון שווייגעניש צום שמייכעל-בליק.
דאָס פֿעלד, דאָס לעבען ווערט מיר ליבער,
און יעדער גראָז לעבט-אָפּ צוריק.
נאָר טיף אין האַרצען, טיף אין זינען,
דאָרט פֿאַלט אַ ספֿק'ל גאַנץ שטיל:
צי קאָקעטירט זי נישט, רעגינע?
צי שפּילט זי נישט מיט מיין געפֿיהל?
איך זוך דעם סוד אין אירע אויגען...
און זעה: דער ספֿינקס איז ווידער גוט.
זי האָט צו מיר זיך טריי געבויגען
און טריי געהאַלזט אין דער מינוט.
פֿאַרקושט מיין שרעק און מיך באַצוואונגען
נישט ריידען מער, מיין וואָרט פֿאַרכאַפּט..,
אַ פֿויגעלע האָט נאָנט געזונגען,
אַ פֿלאַמיג האַרץ האָט נאָנט געקלאַפּט.



כז.

און וויפיל טעג זיינען פֿאַרגאַנגען?
און וויפיל נעכט אין פֿרייד און שרעק.
מען האָט אַראָפּגעפּירט די וואַגנען
און ליידיג, ליידיג אונזער וועג.
די זון איז קיל און מיד געוואָרען,
דער וואַלד איז שטום און טונקעל-גרין.
און יעדען טאָג גייט וואָס פֿאַרלאָרען,
עס שטאַרבט אַ שמעטערלינג, אַ בין.
אַ פֿויגעל'ס טרעל ווערט שטום פֿאַרבאָרגען,
אַ בלום גייט אויס אין פֿעלד פֿאַרשמאַכט.
און איינמאָל, איינמאָל אין פֿרימאָרגען
האָט מיר די דינסט אַ בריף געבראַכט:
„איך פֿאָר אַוועק, צו וואָס זיך זעגנען?
„בלייב שטאָלץ, האָב ליב און שטרעב און לייד.
„מיר וועלען ווען זיך נאָך באַגעגנען,
„אויב נאָר מיט אונז וועט זיין די צייט".



כח.

איך האָב דעם הימעל נישט פֿאַרשאָלטען
אין יענעם טאָג, איך האָב פֿאַרבראַכט
אין פוסטען פֿעלד אין אָפּגעגאָלטען
און טיף פֿון זיך אַליין געלאַכט.
געלאַכט פֿון לעבען׳ס מאָרגנע זאַכען,
דערמאָנט רעגינע׳ן טריט אויף טריט.
דאָ פֿלעגט זי זיצען, ריידען, לאַכען
און דאָרט גערוהט, געדרימעלט מיד.
דאָ איז זי איינמאָל בייז געוואָרען
און דאָרט געוועזען אַזוי גוט,
געריסען בלימלאַך אין די קאָרען
און מיט אַ בליק געשמידט מיין מוט.
איר שאַל איז אָפּטמאָל דאָ געפֿלויגען
און מיט׳ן ווינט גערייצט זיך מילד.
ער שוועבט אויך איצטער פֿאַר די אייגען
און דעקט מיר אויף רעגינע׳ס בילד.



## כט.

דו ווייסט די צייט, ווען בלעטער פאַלען
און ס'רייסט דיין בליק זיך ענדלאָז וויים.
ווען אין דער לופטען שוועבען שטראַלען
פון שטיקלאַך־שפּינוועבס... אלול־צייט...
דו ווייסט די צייט, ווען פעלדער שווייגען
און ס'שרעקט דעם וואַלד אַ נאָענטער טריט.
אַ פויגעל יאָמערט אויף די צווייגען
און דיין נשמה פיהלט עס מיט.
דאָס טייבעל לויפט פון שטראָם געטריבען
און טראָגט אַוועק אַ געלעם בלאַט.
איך איינער בין שוין דאָרט געבליבען,
אין אונזער שטומען פּענסיאָנאַט.
איך האָב גע'חשבונ'ט אָפט מיין לעבען
אין ווייטען איינזאַמען שפּאַציר:
וואָס האָט דער זומער מיר געגעבען
און וואָס האָט ער גערויבט ביי מיר?

❀

## ל.

איך בין קיין ענטפֿער נישט דערגאַנגען
נישט ביי מיין האַרץ און נישט ביים פֿעלד.
איך וועל צום הימעל נישט דערלאַנגען
און נישט אַרומנעמען די וועלט.
נאָר עפּעס וועט מיר שטענדיג וויען
און אייביג בלוטיגען מיין ברוסט.
וואו יעדער איינער וועט זיך פֿרייען,
וועט מיר דאָס לעבען זיין אָהן לוסט.
איך וועל אַזוי שוין אייביג זאָרגען,
איך ווייס מיין מזל... נישט געראַכט.
ביינאַכט ערוואַרטען דעם פֿרימאָרגען
און טאָג-צייט אויסקוקען די נאַכט.
אין ווינטער בענקען נאָכ'ן זומער
און זומער חלום'ען פֿון שניי...
די גלייכסטע וועגען ווערען קרומע,
ווי נאָר איך שטעל אַ טריט אויף זיי.

❀

## לא.

אין שנייׂ איז וואַרשע דאָן געלעגען,
אין קאַרנאַוואַל, אין כאַמע ברען.
איך האָב רעגינע'ן נישט באַגעגענט,
פון יענער צייט נאָך נישט געזען.
פון זומער איז אַ טרוים געבליבען,
אַ נישט־דערזונגענער געזאַנג.
עס ווילט זיך ווידער ליידען, ליבען,
עס בייגקט מיין האַרץ פון דעמאָלט־אַנג.
איך האָב געוואוסט די גאַס, דעם טויער,
געגנוי דערגאַנגען איר אַדרעס,
נאָר מיט געדולד האָב איך געלויערט
און אַלץ געוואַרט ווי אויף אַ נס.
געוואָלט האָב איך אין גאַס און שרייזען
באַגעגענען ווען איר שטאָלצען בליק:
זי זאָל זיך אומגעריכט באַווייזען
אין פרייגגען אומרוה, לייד צו גליק.



### לב.

איך פֿלעג פֿאַנטאַזיע־שלעסער בויען,
איר זוכֿענדיג אין נאַס פֿאַרטראַכֿט.
אין קאַלטע טעג, אין שלעכֿטע שעה'ען,
אין ליבען פֿײַעסטעלע בײַנאַכֿט.
עס האָט געשראָקען דאָס ערוואַרטען,
עס האָט געגיינערט איבעראַל.
דער שניי אין לײַכֿטען פֿליה, אין צאַרטען
פֿלעגט אויסזען ווי רעגיגע'ס שאַל.
נאָר זי אַליין האָט זיך פֿאַרבאָרגען,
באַהאַלטען קרגין זיך אין שניי.
און אַלץ געריצט זיך: „מאָרגען, מאָרגען!"
נו, גוט, איך קום. נו, גוט, איך גיי."
אויף מאַסקאַראַדען און טעאַטער,
איך האָב געזוכֿט זי אין קאָנצערט.
עס האָט די צייט מיך שטאַרק געמאַטערט,
נאָר זיין וועט דאָס, וואָס איז באַשערט.



## לג.

אין טעג, ווען שאָטענס נעמען קלעטערן
דערמאָן איך זומער-פרייד און שיין.
איך בין מיט שניי-פראָסט אויף די ברעטער
פארנאַכט און אַ קאַפּע אַריין.
עס גלאַנצען לאָמפּען פּיל אין שפּיגעל,
די קאַנדעליאַבערס שימען גאָלד,
ווי ס'וואָלטען פייערדיגע פליגעל
מיט יעדען פליען איצט געוואָלט.
איך האָב אַן אָרט זיך אויסגעפונען,
אַ ביסעל ווייטער, אָן דער זייט,
איך האָב אַליין זיך נישט פאַרגונען
קיין צופיל פרייד און יענער צייט.
נאָר פּלוצלונג — רוהיגער, מיין זינען!
אָ, בייזער שפּיגעל, נאַר נישט אָפּ.
איך האָב דערקענט נישט ווייט רעגינע'ן,
דערזען האָב איך איר שטאָלצען קאָפּ.



## לד.

מיר האָבען ביידע זיך פאַרוואונדערט,
די הענט דערלאַנגט, אַ וואָרט געזאָגט.
נאָר אויגענבליק זיך אָפּגעוואונדערט,
ווי ס'וואָלט די פרייד אַזוי פאַרזאָגט.
זי איז מיט פריינט אירע געזעסען
און איך אין ווינקעל גיי צוריק.
זי האָט דעם זומער גישט פאַרגעסען, —
דאָס זאָגט מיר אָן איר ערשטער בליק.
דערנאָך ביים לעצטען זיך פאַרנייגען
האָט זי אַ רגע מיך באַטראַכט.
די הענטשקעס לאַנגזאַם אָנגעטוינען
דערביי גערעדט דאָרט און געלאַכט.
און ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען
דעריאָגט איר וואָרט מיך לייכט און פיין.
איך הער ביז איצטער נאָך די קלאַנגען:
„קומט ווען אַריין, קומט ווען אַריין".



## לה.

אויף דער קרולעווסקע-גאַס אַ מויער,
די שטרענגע טירען פֿעסט פֿאַרמאַכט.
נישט ווייניג פֿרייד, נישט ווייניג טרויער
האָט מיר דאָס הויז יענע געבראַכט.
די טרעפּ, די שרעקעדיגע שטיגען,
עס דוכט, זיי טרייבען מיך צוריק.
פֿון ערגעץ פֿאַלט אַ שווערער ניגון,
ווי פֿון אַ קלויסטער די מוזיק.
עס שרעקט זיך לייכט ביים ערשטען קומען
און גאָר אומזיסט, אומזיסטער שרעק.
זי האָט מיך מונטער אויפגענומען
און זי דערמאָנט אַלין יענע טעג:
„געדיינקסטו דעם, געדיינקסטו יענעם?
דעם פּענסיאָנאַט מיט זיינע געסט,
וואָס רוישען, טומלען, ווי אין גיהנום,
אין דאָרף ביי דער נאַטור אויף קעסט?"

❀

## לו.

איך וויל זיי קיינעם נישט געדיינקען,
נאָר איין ערינערונג, איין שטראַף:
מאַכט שטענדיג אומרוהיג מיין פיינגען,
מיין פריינט! דאָס איז דיין ווייסער שאָף.
זי האָט מיין וואָרט געמוזט דערפילען,
ווייל זי האָט דאַן געדריקט מיין האַנט.
אין יענעם אָוונט אין דעם שטילען
האָט זיך באַנייט אונזער פאַרבאַנד.
עס האָט אַ פרישער שניי געשאָטען,
ווען איך בין שפּעט פון דאָרט אַרויס.
איך האָב מיט לוסט דעם שניי געטראָטען
און אַלין געשפּרייזט פאָראויס, פאָראויס.
עס האָבען טויזענטער וואונדערען
פון ליכטסטען ווען פאַר מיר געשוועבט,
געשפּייערט זיך, געטאַנצט, געפאַלען
און ווידער פריילך אויפגעלעבט.



## ל״ז.

עס פֿרעגט מיין הארץ מיר אונטערזאָגען,
ווען גיין צו איר און ווען נישט גיין.
איך זאָל מיין גליק נישט איבעריאָגען,
פֿאַרברייגנ איך אָפֿט אַ טאָג אַליין.
מיין גליק... ווי זאָל איך עס פֿאַרטרויען?
עס איז מיר יום־טוב׳דיג געווען,
אין רוה, אין רויש, אין אַלע שעה׳ען,
מיט אַלץ, וואָס פֿרעגט מיר דאַן געשען.
מיין גליק... ווי זאָל איך עס ערקלערען?
איך האָב געציטערט פֿאַר מיין גליק.
ס׳קאָן זיין, דער יום־טוב וועט נישט ווערען
און שווער וועט זיין דער וועג צוריק.
איך האָב פֿון מענשען אַלץ פֿאַרבאָרגען,
איך האָב די פֿריינט מיינע גענאַרט.
מיין צוקונפֿט איז געווען דער מאָרגען,
די שעה, וואָס רופֿט, די שעה, וואָס וואַרט.

## לח.

און אויף רעגינע'ס שטומע שטיגען
דאָרט, וואו די שאָטענס שוועבען שטיל,
פלעגט אָפט די פרעמדעניש באַזינגען
און קאַלט באַפאַלען מיין געפיהל.
עס האָט געדוכט: איך גיי אין תפיסה...
דאָך בלויז איין רגע, איין מאָמענט.
אַ שטאָלצער בליק פלעגט מיך באַגריסען
און איך האָב זיך שוין גישט דערקענט,
אַ לייכטער ריח פון מימאָזען
אין ליכטיג איז און היימיש דאָרט.
די שמאָרען שטאַר אַראָפּגעלאָזען
און טרייקייט קלינגט אין יעדעס וואָרט.
זי איז אַ קינסטלערין אין ליבע,
זי צירט און שענערט אויס דעם וועג,
זי האָט זיך קליידער צוגעקליבען
צו יעדער שטימונג פון די טעג.



## לט.

ווי אויף אַן אינזעל אָפּגעשניטען...
מיר האָבען מענש און שטאָט פֿאַרלאָזט.
דער שנייִ פֿלעגט אונזער שוועל פֿאַרשיטען,
די פֿענסטער מאָלען פֿלעגט דער פֿראָסט.
מיט מאָדנע צפֿון'דיגע ליניען,
מיט בלומען פֿון אַ טויטען לאַנד,
ווי אַ געשטאָרבענער באַגינען
גייט אויס די טאָג־ליכט אויף דער וואַנט.
דער גרויער שטורעם קלאַפּט און צאָרענט
פֿאַרפֿרוירען וועט די וועלט ביינאַכט.
נאָר אונזער אינזעל איז באַוואָרענט
מיט וואַרעמקייט און רוה באַוואַכט.
דער אויוען שטייט באַצירט אין ראַמען
פֿון גאָלד אויף ווייסען מאַיאָליק.
עס שטראַלען זיך די שטילע פֿלאַמען
אין שפּיגעל און אין אונזער בליק.



מ׳.

אַ בריף פֿלעגט אָנקומען אַ טרייער,
אַ גוטער בריף פֿון ערגעץ־ווייט.
רעגינע וואַרפֿט דעם בריף אין פֿייער
און בלייבט פֿאַרקלערט אַ קורצע צייט.
די רויטע אָנגעגליטע קוילן
פֿאַר׳חלומ׳ען די גאַנצע הויז.
עס ווילט זיך לייענען, דערציילן...
דאָס ביכל פֿאַלט פֿון האַנט אַרויס.
און אונטען, אונטען אויף די גאַסען,
דאָרט רוישט די שטאָט און שפּרייזט און קלינגט
בײַ אונז דער זייגער קלאַפּט געלאַסען
און עמיצער פֿון ערגעץ זינגט:
צי דורך דער וואַנט דערגרייכען טענער,
צי ס׳זינגט די רוה פֿון זיך אַליין?
עס שוועבען טעג אָהן ציל, אָהן פּלענער
פֿאַרהילט אין צערטליכקייט און חן.

❀

## מ״א.

דאָס יונג־פֿאַרגאַנגענע דערמאָנט זיך
אַרומגעוועבט מיט בײנקשאַפֿט־זײד.
בײַ איר אין שטוב איז שטענדיג יום־טוב
און פֿריציש־רוהיג גײט די צײַט.
איין שפּיגעל שפּיגעלט זיך אין צװײטן,
ווי אויג אין אויג געבליבען שטײן.
דער הײנגלאָמפּ ציטערט אויף די קײטען
פֿון קלענסטען שאָרך, פֿון זיך אַלײן.
די רונד־באַגולדטע פּאָליאַנטען
באַהאַלטען זיך אין ברוינעם שראַנק,
און סוד'ען זיך, ווי גוט־באַקאַנטע:
געווען אַ מאָל אַ צײט... שוין לאַנג.
עס שאָטענען מיט לײכטען שימער
די אָליעאַנדרעס בײַ דער וואַנט.
די בילדער ווערען אַלץ אינטימער
און קוקען האַרציג־אומבאַקאַנט.



## מב.

פֿון איין זייט קוקט אַ בליק אַ דרייסטער
דאָס איז קאָסטיושקאָ.. פּוילענס העלד:
פֿון צווייטען חלומ'ט פֿרום-באַגייסטערט
אַ יוד פֿון בית-המדרש-וועלט.
ביי איר אין שטוב, אין שטילסטען חדר –
דאָרט איז געווען דער באָבעס אָרט.
געלעגען אָנגעטאָן אין קליידער
און נישט גערעדט שוין מער קיין וואָרט.
און נאָר די אויגען, שוואַרצע אויגען...
נאָך, בליקען אויפֿגעלט, ווי די נאַכט.
איך פֿלעג אַריין, זיך שטיל פֿאַרביינגען,
די אַלטע פּינטעלט צו פֿאַרטראַכט.
די ליפּען נעמען שווער זיך ראַנגלען,
נאָר איר געדאַנק איז שוין נישטאָ.
דאָס איז אַ דור שטום אויסגעגאַנגען,
געשטאָרבען לאַנגזאַם... שעה נאָך שעה...



## מג.

עס שלאָפט די שטאָט געשמידט אין אײזען,
אין שטײנער און אין פראָסט געשמידט.
עס איז אונז וואויל בײנאַכט צו שפּרײזען
און האָרכען די מוזיק פון טריט.
„איך ליב דעם שנײ, דו װײסט, מײן יונגעל!“
זי פלעגט אַזוי מיך רופען אָפט:
דאָס דאַרף נישט זעהר ערנסט קלינגען
פאַר מײנע יאָרען... נישט געשטראָפט.
„איך ליב דעם שנײ“ זײן רוהיג פאַלען,
די װאַרעמקײט, װאָס ער באַהאַלט
און די מיליאָנען פונקען-שטראַלען,
װאָס בליצען גלײכגילטיג און קאַלט.
װאָס איז דער זומער מיט זײן בליהען?
אַ טרײסט פאַר די נאַאיװע... גלויב!
אַ װעלט מיט יאָרען לויפען, פליהען
צום קאַלטען סוף, צום שטויב פון שטויב.



## מד.

עס קריצט דער שניי שוין בייזער, קעלטער
און ברעכט זיך, ווי קריסטאל, ווי גלאז.
דער פראסט איז פאר אונז ביידען עלטער
און פירט אונז אפ מיט כעס די נאז.
אהיים, אהיים! די לאמפען ברענען,
די איינזאמקייט איז שוין פארביי.
און צו די אלטע גאבעלענען
פארנייגען זיך די בליקען טריי.
א הירש דארט מיט א קרוין פון הערנער,
ער שטייט אין וואלד און קוקט און הארכט,
און דורך די בוימער, דורך די דערנער
דוכט אויס גאנץ קלאר, ווי עפעס שארכט.
מיר לייענען... און בילדער שוועבן,
עס קומען דורות אן פון ווייט.
דאס טיפסטע בוך איז דאך דאס לעבען,
דער שענסטער דיכטער איז די צייט.



# מה.

זי איז אַוועק פֿון אירע גאַנצע,
צו איר פֿלעגט קיינער דאַן נישט גיין.
אין אונזער מילדען ליבע־פֿלאַנצער
איז זי די הערשערין אַליין.
מיר פֿייערן אַ צייט צוזאַמען:
איך—מיין יום־טוב, זי—איר זיג.
פֿון פֿונקען ווערען גרויסע פֿלאַמען,
פֿון פֿעדעם פֿלעכט מען דיקע שטריק.
איך האָב דערפֿיהלט, איך בין געבונדען;
נאָר נישט באַטראַכט עס, ווי אַ שטראָף.
אַ שטערן האָט זיך אָנגעצונדען
און זאָל ער ברענען ביז׳ן סוף.
אַך, מענשען ווילען אַלץ באַנייען
און זוכען שטענדיג נייע פֿרייד.
נאָר קיינער קאָן זיך נישט באַפֿרייען
פֿון אַלטען ספֿק ביז׳ן טויט.



## מז.

יאָ, מענשען דורשטען נסים, וואונדער
אין אַלין פֿאַרטרויט, אין אַלין געניט,
נאָר גייסטו מיט אַ פרוי באַזונדער,
דאַן רופט זיך אָפּ דאָס אַלטע ליד.
די אַלטע ליבע־סענטימענטען,
די גוטע טריישאַכטס, וואָס באַשטראַלט
און אייפערזיכטיגע מאָמענטען
און כעס, און חשד, און שרעק באַפֿאַלט.
זיי שטילער, האַרץ! אין מיין זכרון
שוועבט דורך אַ גרויסער בלומען־פֿעלד.
עס ווערט מיר ניי און יונג־געבאָרען,
און גרויען הערבסט, אין ווינט און קעלט.
זיי שטילער, האַרץ! מען טאָר נישט מאָנען
ביי דער פֿאַרגאַנגענהייט קיין חוב.
עס איז פֿאַראַן, וואָס צו דערמאָנען
און דאָס איז אַלץ אין לעבענס־לויף.



## מז.

מירביידע ליבען ווייסע שוואַנעו
און האַסען וואָכעדיגע טעג,
מיר ביידע האָבען איינם פאַרשטאַנען,
אַז שיין איז דאָס, וואָס גייט אַוועק.
די ליבע טאַנצט אַמאָל אויף שפּיזען
און לאַכט און הוליעט ווי אַ שד,
אַמאָל באַשטייט זי פון קאַפּריזען,
וואו ווערטער זיינען נישט דערגעדט.
אָפט איז זי בעסער פאַר אַ מאַמען
און גוט און ברידערליך און טריי.
אָפט ליבט מען און מען האַסט צוזאַמען,
מען בעגעגנט זיך און מען שילט דערביי.
און רוקט זיך אָן דער סוף דער שטרייגער,
און פאַלט דער ערשטער קאַלטער בליק,
דאַן מאַר מען נישט אַ רגע לייגער
פאַרהאַלטען מיט געוואַלד דאָס גליק.



## מ״ח

מיר זיינען נאָנט צו נאָנט געוואָרען
און ביידע האָבען עס דערפיהלט.
איך האָב מיין רוהיגקייט פאַרלאָרען
און זי... זי בייזערט זיך און שפילט.
עס איז אַלצדינג נאָך ווי געוועזען,
איך אייל אין טייערן געצעלט...
און צאַרטע נעכט מיט פּאַלאַנעזען
און לייַדענשאַפט... נאָר עפּעס פעהלט.
און עפּעס גאָנט די אַלטע וואונדען
פון טעג, פון איינזאַמע אָהן פריינט.
די זיכערקייט איז שוין פאַרשוואונדען,
דער מאָרגען לויערט אויפ׳ן הייַנט.
איך האָב געליטען און געשוויגען
רעגינע רעדט זיך אויך ניט אויס.
די פרעמדעניש פון אירע שטיגען
איז שוין אַריין צו איר אין הויז.



## בזט.

די אַלטע שטעט, די שטומע עדות
פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט אויף דר'ערד.
אין גאַס און געסלאַך שוועבען סודות
פֿון גליק, באַטרוג, פֿון שטרייט און שווערד.
דו הערסט אַמאָל אַ זיפֿין אַ טויטע
אינמיטען נאַכט פֿון נאַכט אַליין,
דו גייסט אַמאָל אַ פריינט באַגלייטען
אין שווייגעס. . ווי ס'וואָלטען שאָטענס גיין.
די אַלטע הייזער — מיוחסים,
וואָס לעבען אייגזאַם, רייך און שטיל.
אַ שטריינגשאַפט ליגט דאָרט אויסגעגאָסען,
אַ שטאָלץ פון דורות אַזויפיל.
דו גייסט פאַרביי און האָרכסט די קלאַנגען
מוזיק פֿון באַך און פֿון ראָסאַ,
און אין אַ גאָרטען דורך די שטאַנגען
אַקאָמפּאַנירט אַן אַלטע קראָ.



## נ.

און די, וואָס לעבען אין די הייזער —
וואָס גייט זיי אָן די גאַנצע וועלט?
זיי קאָנען וואַכען זיך גישט ווייזען
פון אַרעמען פאַרמאַכט, פאַרשטעלט.
די לויפעניש און רויש פון לעבען
פאַרהאַסט דער סקעפּטישער געדאַנק.
צו דאָס, וואָס אַנדערע פיל שטרעבען,
דאָס האָבען זיי דערגרייכט שוין לאַנג.
עס וואַקסען הייזער אוים ווי ריזען
און וואַרפען שאָטענס, שטיקער נאַכט
אויף די אַלטמאָדישע קאַרניזען
און אויף די פענסטערס שטומען טראַכט.
און קלער איך איצטער פון רעגינע'ן,
דערמאַנט זיך מיר אַליין אַזאַ הויז:
מיט טיף פאַרשלייערטע גאַרדינען,
וואָס לאָזען נישט קיין שטראַל אַרויס.



## נא.

אויף אירע אַקסלען איז געלעגען
דער שאַל דער ווייסער אויסגעשפּרייט,
גאָר אָהן אַ ציטער, אָהן באַוועגונג,
געלעגען ווי אַ פֿייגעל טויט.
עס ווערט מיר ענג אין גרויסען חדר
און עס פּאַרדריסט אויף זיך אַליין...
אין האַרצען גיב איך זיך אַ נדר,
איך וועל אַהערצו מער נישט גיין.
די ווייטקייט איז אונז שטענדיג שענער,
אונז רייצט די צוגעדעקטע קאָרט.
וואו קומען הין די צאַרטע טענער,
דער ליבער חן פֿון ערשטען וואָרט?
וואו גייט דער מאַי צוועק? מיר האָבען
גאָר ווייניג בלומען מיטגעבראַכֿט.
וואו ווערען באַבאָטשקעס באַגראָבען?
וואו נעכֿטיגט טאָג? וואו טאָגט די נאַכֿט?



## נב.

װער רײסט די דינגע פֿערטס איבער?
דעם זײד פֿון אונזער גליק-פֿאַרבאַנד?
אַך, דאָס, װאָס מענשען רופֿען ליבע —
װער רויבט עס, װעמענס בײזע האַנט?
מײן פֿרײנט! איך װאָלט דיך װעלען פֿרעגען,
מײן פֿרײנט! דו װײסט, דער שנײ צוגײט:
אין דײן באַגלײטען און באַגעגנען
איז מער נישטאָ פֿאַר מיר קײן פֿרײד.
זי האָט אויף מיר אַ קוק געגעבען
אַזױ פֿאַרװאונדערט מיך באַטראַכט.
דער שאַל, דער װײסער פֿאַלט דערנעבען
און װער? און װאָס?... רעגינע לאַכט.
װאָס איז די לײד? װאָס זײנען זאָרגען,
אַז אײן סעקונדע נעמט עס צו?
װאָס איז דער שרעקעריגער מאָרגען,
אַז איצט איז גוט און איצט הערשט רוה.



## נג.

עס שלעפט זיך קוים דער לעצטער שליטען,
דאָס פערד קלאַפט אָן דעם ערשטען שטיין.
דער שאָטען וויל נאָך וואו פאַרהיטען
אַביסעל ווייסקייט זילבער-ריין.
עס שפּרינגען אום מיליאָנען שטראַלען
און הרג׳ענען אַוועק דעם שניי.
עס גיסט און שטראָמט, פאַנטאַזיען פאַלען
פון דאַך און ווענט... און וואו איך גיי.
אין קויט און גליטש איז שווער צו איילען,
נאָר די נשמה לויפט פאָראויס
און טרוימט פון פעלד, פון גרינע מיילען...
איך שטיי ביי דעם באַקאַנטען הויז.
איך שפּריז אויף די פאַרקלערטע שטיגען,
וואָס ווידער׳קול׳ען מיינע טריט.
איך קאָן מיין פחד נישט באַזיגען,
ביי יעדער קומען גייט עס מיט.

✿

## נר.

דאָך האָב איך ווייניג זיך פאַרלאָרען,
ווען איך דערהער די בשורה דאַן:
רעגינע איז אַוועקגעפאָרען,
אַ בריוו געלאָזען פאַר'ן פאַן:
„מיין פריינד, דערגרייבען הייסט פאַרלירען,
„מיר ביידע וויסען עס גאַנץ גוט.
„זאָל די ערינערונג באַצירען
„אַמאָל דיין איינזאַמע מינוט.
„עס צאַנקען שוין די לעצטע פונקען,
„דאָרט וואו אַ פייער איז געווען.
„איך האָב דעם בעכער נישט דערטרונקען,
„איך זאָל זיין לייַדיגקייט נישט זען.
„עס ווילט זיך ווידער רייזען, שטייגען
„צום אומדערגרייכטען ים און באַרג.
„איך וויים... מיר ביידע קאָנען שווייגען,
„און — זיי געזונט, און זיי מיר שטאַרק!"



## נה.

וואָס טוט זיך פֿרילינגס־צייט אין גאָרטען,
אין פּאַרק אין זאַקסישען בײטאָג:
די קליינע קינדער שטיפען דאָרטען,
עס גייט אַ שפּרינגען, אַ געיאָג.
מיט רייפען הילצערנע, מיט באַלען,
מיט טאַטשקעס, וועגעלאַך מיט זאַמד.
די אויגען באָדען זיך אין שטראַלען,
די בעקלאַך רויטלען זיך, צופלאַמט.
ווי גרויסע פאַרביגע מאָטילען,
וואָס פלאַטערן צעווישען צווייג.
דו קענסט אַליין זיך שוין נישט שפּילען...
טאָ קוק די קינדער אָן און שווייג.
די פרישע גרינקייט בלענדט די אויגען,
די ראָזע בליהאָכץ שוועבט און פֿאַלט,
אַ ווייסע טויב איז דורכגעפלויגען,
מיט זון די פליגעל דורכגעשטראַלט



## נו.

אומזיסט פאַרצוימען די פאַרקאַנען:
די אויגען רייסען זיך אַהין,
צו די ברייטצווייגיגע קאַשטאַנען,
צום יונגען בוימעלע זשאַסמין.
איך ביים די שנעבעלאַך פון בליטעל,
איך אָטעם טיף זיין ריח איין.
עס שפור'ט און עס נייגט צום דרימעל,
עס מונטערט, ווי אַ יונגער ווין.
זיך בליהט אַרום, אַלץ לויכט אינאיינעם:
דעם הימעלס ווייט, דער שטויב פון דר'ערד.
פון גאָטס זיקען חיוצר-זקנים
אין דער פאַרגאַנגענהייט פאַרקלערט.
די אַלטע לייט, ווי שטיל-באַשיידען,
זיי שפּרייזען איצט מיט קליינע טריט.
היינט טרוימט די אַלטקייט פון גן-עדן,
וואו שטענדיג שטראַלט, וואו אייביג בליהט.



## נז.

איך זוך אין לעבען נישט קיין וואונדער,
איך בעט דעם הימעל נישט קיין נס.
מיין תפילה גייט צו גאָט באַזונדער
און דאַנקט אים פאַר אַ צווייגעל בעז.
מיך נייגערט נישט דער סוד פון מאָרגען,
דער איצטער איז מיין צער, מיין לוסט.
און ווי אַנ׳אוצר גוט פאַרבאָרגען
רוהט אָפּ דער גענבטען אין מיין ברוסט.
איך לויף פון אייערע מלחמות,
איך יאָג זיך נישט נאָך צופיל פריינט,
ווי אָרעם זיינען די נשמות,
וואָס זעהען נישט די פרייד פון היינט.
אַך, אומעטום און איבער אַלעם,
איך הער אַ שטומען רוף צוריק.
די טעג, וואָס טראָגען זיך ווי פאַליעס,
פאַרשווינקען נישט רעגינע׳ס בליק.

❀

# נח.

פֿאַר אירע שטאָלץ־פֿאַרפרעמדטע אויגן,
וואָס ברייננען אומגעריכטע פרייד,
בין איך איצט גרייט מיין קאָפּ צו בויגען
און דאַנקען, בענשען בין איך גרייט.
צום צווייטען מאָל איז זי אַנטלאָפען —
פֿון זיך? פֿון מיר? איך טראַכט פאַרצערט:
צי קאָן אַ האַרץ זיין שטענדיג אָפען,
ווען פֿייער לעשט און בלום פֿאַרדאַרט.
איך גיי אַ פֿריילִיכער אַנטקעגען
דעם יונגען פֿרילינג און איך לאַך,
ווען פריינט באַגריסען מיך און פֿרעגען:
און ווי איך לעב און וואָס איך מאַך?
איך לאַך אין טאָג און דעם באַשטראַלטען,
חייל בלומען זעה איך וואו איך גיי,
ווייל טיף אין האַרצען ליגט באַהאַלטען
אַ שיינער סוד פון ווייסען שניי...



## נט.

צו יום־טוב׳דיג איז מיין נשמה
פאַר אייער וואָכעדיגען וועג.
עס בלייבט איי: איינציגע נהמה:
אַליין צו יום־טוב׳ען די טעג.
ווי פֿויגלאַך זוכען ברעקלאַך שפּייזען
אַזוי זוך איך מיין קליינע פרייד.
זאָל זיין אין וואַנדערן און רייזען
אין פֿרילינג, אין זיין ווייסען קוויט,
אין זומערדיגען רעגענבויגען,
וואָס שפּיגעלט זיך אין טייכעל אָפּ,
אין גאָלד פֿון הערבסט, וואָס בלענדט די אויגען
און פֿאַלט באַקרוינענדיג דיין קאָפּ.
איך זוך מיין פרייד דורך צער, דורך ליידען —
עס פֿרישט נשמות ווי אַ טוי.
אין איינזאַם וואָס איך קאָן נישט מיידען
און אין אַ שמייכעל פֿון אַ פֿרוי.



## ס.

אין פלאַם פון זון, וואָס ברוינט מיין פנים,
אין שאָטען, וואו איך בייַנק נאָך שיין;
אין האַס צו נישטיגקייט פון שונאים
און אין אַ פערז, וואָס גיט זיך איין. —
איך זוך מיין ליד און מייַנע פאַרבּן
אין יעדען שפּיל פון לעבענס־גאַנג.
עס טאָר איין טאָג מיר גרוי נישט שטאַרבען;
אָהן רייץ, אָהן טרוים און אָהן פאַרלאַנג.
און אַלע זאָרגען אויף צו להבֿעים
פאַרגעס איך נישט מיין יום־טוב־צוועק.
עס זאַמלען זיך אין האַרצען ברכות
פאַר גוטע און פאַר שלעכטע טעג.
ווייל דערנער פאַרבען זיך ווי בלומען,
ווען זיי ציבלוטיגען אַ האַרץ.
און דער, וואָס איילט צו תפילה קומען,
פאַר יענעם איז די נאַכט נישט שוואַרץ.

1915-16